**MALKA LOCKER / POEMS**
**Jerusholaim**

I. L. Peretz Publishing House
31, Allenby Str., Tel-Aviv

# מלכה לאָקער / ירושלים

שער־צײכענונג: יצחק ליכטנשטיין



פאַרלאַג י. ל. פרץ, רח׳ אלנבי 31, תל־אביב

דפוס „אורלי״, תל־אביב, טל. 32062

# אינהאַלט

## דאָ זענען אַלע מויערן

דאָ זענען אַלע מויערן נאָענטע קרובים מיר
מיט אַלע טונקעלע עברם אין זייער הארץ.
שטיל זענען אַלטע טויערן
אין זייערע אַנגלען אויפגעגאַנגען,
ווען מיין ווייכער שריט
האָט שווער און שוואַרץ
און שטאַרק פאַראַנקערט אין צוריק —
אַ שוועל געצייכנט מיט אַ טריט...

ניט איין שטאָט האָט דאָ
נאָך שטאַרק פאַרוויט;
אויפגעבליט מיט אַ געוויין,
ניט איין בוים — זיך ניי באַקליידט
מיט יונגן גרין ווי אין אַ טרוים,
און ברוינע ערד זיך ניי געטרענקט מיט זאַפט —
מיט שטיל־באַניטער קראַפט...

# דאָ קען יעדער שטיין עדות זאָגן

אויף דיין ערד איז גאָט געבוירן,
פון דיינע בערג האָט געהילעכט זיין וואָרט.
דאָ האָט גאָט געשוווירן,
דאָ געהייליקט יעדן אָרט,
און געחתמעט יעדן בונד
מיט די, וואָס האָבן אים דערקענט,
מיט די, וואָס האָבן אים דערהערט,
און דערהויבן זייער שווערד
פאַר דער הויך פון זיין הערלעכקייט,
און דערגאַנגען מיט זיין גאַנג
צו די טיפן פון זיין טיפעניש.

קען יעדער שטיין דאָ עדות זאָגן,
ווי ס'האָט געלויכטן אַ התראה,
ווען ער האָט געשלאָגן מיט אַ ווונד,
ווען ער האָט אין פלאַמען זיך באַוויזן
מיט אַ זכר פון זיין בונד,
ווען ער האָט אין צייכנס אָנגעוויזן
זיין ווילן און זיין וועג —
ווען ער האָט אין צאָרן שטום געשוויגן,
ווען ער האָט געדונערט ווי אַ לייב.

## די אַלטע שטאָט

ביסט רו און באַוועגונג,
זאַמד אין דער מדבר,
מאַנסטערבערג צופוסנס
די טויערן פון יריחו,
אַ גאַרטל פון געשטיין אַרום די לענדן,
פון פאַרמעט דיין שטערן, געבלעגדט פונעם וויכער.
ביסט יונג ווי אַ כלה אין ליכט פון מאָרגנשטערן,
און קאַלט — ווי גאָטס צאָרן פאַר דער שלאַכט.

ירושלים, אַלטע שטאָט, דו ביסט אַלט פון באַגינען,
און זיידיק ווי געזאַנג פון לוויים,
ווייך און געהויבן
ווי דער טאַנץ אין סאַנדאַלן
ראש־חודש נאָכן קרבן,
און האַרב ביסטו, ירושלים, ווי תפילות נאָכן חורבן.

דו ביסט פון פייער אַרויסגעריסענער עפר ואפר,
הענגסט, אַ וואָרן־צייכן אין ראָד פון דער צייט,
איינגעבויגן איבערן הר הזיתים.
הענגסט, אַ רעגנבויגן, אַ צייכן,
ירושלים, ביסט אַלט.

און זי, די טאָכטער פון ירושלים, האָט פאַרלאָזן איר טורעם,
און לויפט אומרויִק אַנטקעגן דער זון
און לויפט אַנטקעגן דעם שטורעם, מיטן שריט פון אַ גאַזעל.
די רעכטע האַנט געשפּאַנט, —

ריכט זי אַפּ די שבתים וואָס דער מצרי איז מחלל.
און דער חמסין, ער זינגט דעם הלל
פאַר דער שטאָט, דער אַלטער שטאָט...

אַ, אַלטע שטאָט, ווי גאָט איז געבוירן,
ווי דו ביסט עלטער, עלטער נאָך,
אַ, ווייסע שטאָט פון העלפאַנטביין
פון איילבערטבוים און פון ראָזן שטיין.
שטאָט פון פאַרבאַרגענע קוואַלן
און שלמהס ברונעמס,
דו האָסט געטראָגן די שפע פון תקופות אויף דיין רוקן,
דו האָסט געזען אמונה און עבודה זרה
און אַצינד זעסטו, מיר זענען נאָענט,
קומען נעענטער נאָך.
זאָג אָן, אַז די טויערן זענען אָפן, ירושלים,
און אַז אָט קומט די שרעקלעכע שעה פון נצחון.

ברען אויס מיין הארץ און אין אים מיין ליד,
נאָר זיי מציל דעם גאָלדשמידס זון
און זיין רעכטע האַנט.
היט אָפּ זיין האַרץ,
זיין האַרץ וואָס זינגט דיין שבת פאַר דער וועלט.
אויף דעם מויער שטייט אפרים,
און אַ ציפּרעסבוים לעבן אים אויסגעשטרעקט
ווי אַ פינגער צום הימל.

דאָס ליכט בייט אויס דעם טאָג פאַר דער נאַכט,
אין אַ פעל באַקליידט שטייט אַ בן־מלך
באַוואָפנט מיט אַ שפּיז,
שטייט אַ בן משורר און ראַנגלט זיך מיט אַ ריז,
אין אַ מאַנטל פון שטאָל.

שטיל, זיי שטיל מיין קרוין, דו ביסט פון אצינד
און ביסט פון אמאָל.
האַלט דאָס קול, וואָס ברילט אין דער ברוסט,
זיי גוזר מיט דיין שווערד דעם גאַנג פון דער שעה
זיי גוזר.

די לבנה, אַ זאַק מיט זילבער —
שיט זיך אצינד אין לאַבירינט
פון ירושלים, דער אַלטער שטאָט.
מיין זון דוד שטייט אויפן מויער פון דער אַלטער שול,
לויערט, גאָט אין הארצן,
און קלאָגט נאָך יונתן דעם פרינץ אין חלום
און וואַכט איבערן טאָל פון יהושפט.

רחל, רחל, שטיי אויף פון דיין שלאָף,
לעש אויס מיין צאָרן און צינד אָן מיט ליבשאַפט מיין הארץ,
נעם צו אַ תפילה פאַר מיין הויז,
אַ תפילה פאַרן הויזגעזינט פון מיין יורש,
נעם צו מיין האַרץ ווי וויין וואָס געפינט זיך אין העגגל —
וואָרעם אַ בענטשונג איז אין אים.

צוואַנציק יאָרהונדערטער ליגן, שטיין אויף מיין שלאָף,
דער שטורעם וואָיעט אַרום מיין הויז,
דאָס אויג פון מיין זון איז היים ווי די זון
און שאַרף ווי די שווערד אין זיין שייד.
אויפן באַרג שטייט די היטערין פון די וויינגערטנער
און דער יונגער פאַסטעך, אַ קינד נאָך,
צילט מיט שטיינער פון אַ זאַק.

ער וואָיעט, דער שטורעם, וואָיעט אַרום מיין הויז.
די בריקן רוקן זיך, נאָר די בויגנס האַלטן אויס

און מײַן ליד איז צעריסן פֿון געבראָוויז,
„פֿאַר די זעכציק גבורים געניט אין מלחמה".
מײַן תּפֿילה פֿלאַטערט איבערן ים
פֿאַר דעם ע ל ט ס ט ן פֿון די פֿאַרבאָרגענע שיפֿן.

איבער טרעפּן ציט ער זיך,
דער לאַנגער, דער שטייניקער וועג,
צו דער מויער, דער ווידערשפּעניקער
עדות פֿאַר ישׂראל.
צו דעם טויער, וואָס אויף אים ליגט
די קאַלטע לבֿנה און פֿאַרראָט די באַלאַגערטע.
„ליאַרעמט, איר פֿעלקער, אָבער איר וועט צעבראָכן ווערן"...

דו ביסט חרובֿ געוואָרן, אַלטע שטאָט,
חרובֿ געוואָרן אין ירושלים,
חרובֿ געוואָרן אין די לאַגערן פֿון אייראָפּע,
חרובֿ געוואָרן מיט יעדער גזירה איבער געשאָכטן פֿאָלק,
חרובֿ געוואָרן מיט יעדער אײנציקער געפּייניקטער נשמה.

— — — — — — — — — — — —

„דערוועק זיך, ירושלים, דערוועק זיך,
טו אָן דײַנע פּראַכט־בגדים, הייליקע שטאָט"...

# ירושלים

דיינע הונדערט טויערן, ירושלים, זענען געשלאָסן.
דאָס קדשי־קדשים אין דיינע היכלות קושט דעם הימל
און ציטערט בנשיקה אין דערוואַרטונג —
די פינצטערקייט, צעגאָסן איבער טויערן,
איז מעוברת מיט די מעגלעכקייטן פון דער וועלט.

דיינע בערג זענען הוילע;
צווישן קלופּט און קלופּט זיצן מענטשן
און זענען מטהר זייער האַרץ.
נישט יעדער איז זוכה, נישט יעדער איז עולה
צו דיינע הויכן —

אויף דער העכסטער וווינט גאָט
און וואַרט אויף דער גרויסער באַנייונג.

אומות העולם ציִען זיך צו דיר;
יעדעס פאָלק איז מחדש אַ נעכטן.
מאָרגנס אַנטלויפן און שטייען פאַר דער טיר —
פאַר איר שטייען די גערעכטע אין דיין נאָמען.

אַלט איז דיין ברוינער לייב, ירושלים,
אַזוי זענען די ברכות פון די מענטשן, וואָס בענטשן דיך.

אויף די הויכן פון די בערג פון יהודה
זיצן די טורעמס, ווו ס׳קומען פאַר די משמרות פון דער נאַכט.

גאָט וווינט אין שטיין
אַליין,

האָט פֿאַרלאָזן זיין ירושלים של מעלה
און ריכט אָפּ גלות ביז ס׳וועט נישט אויפֿגעריכט ווערן
ירושלים של מטה.

אויף אַלע דריי נאַכטוואַכטן פֿאַרציטערן די פֿעלדזן פֿון זיין לייבן־געבריל:
„אוי לי שהחרבתי את ביתי,
ושרפתי את היכלי,
והגליתי את בני לבין אומות העולם...״
וויינען די הימלען.
באַזעצט זיך פֿינצטערקייט אין די זאַק־גאַסן
און מאַכט די וועגן אומזיכער.

דיינע שטיינער זיינען פֿאַרהאַרטעוועטע טרערן,
שטיין געבליבן אין מיטן וועג —
זייער לאַוואַ דערגייט צו דעם גרויסן שטיין,
וואָס האָט דעם אָפּגרונט פֿאַרלייגט,
אויף וועלכן די וועלט שטייט...
דיינע קברים זענען דיר נישט צו אייגן.

דו ביסט הייליק און קיל, ירושלים,
שאַרף און דורכזיכטיק איז דער קרישטאָל,
די פֿאַרהאַרטעוועטע גלות פֿון דיינע תּקופֿות.
די וואַסער־ציסטערנעס פֿאַר דיר האָט שלמה המלך געבויט.
אַצינד לאַשטשעט זיך וויין פֿון יונגע לעבנס אַרום דיינע מויערן,
פֿלעכט זיך פֿון יונגע לייבער אַ בריק
און בינדט זיך רינגוויין מיט דער קומענדיקער אייביקייט.

פֿון דער גרויסער טרעפּן־לייטער
וואָס האָט געפֿירט צו דיינע קרישטאָלענע הויכן
איז נאָר נאָך איינע פֿאַראַן;
אַלע אַנדערע פֿירן אַראָפּ

צו געוועלבן, באַזאַרן, צום שוק:
דראַפּען זיך טויער־בויגנס, שפּיצן־געמויערטע באַלקאַנען
ווו ירושלימס טעכטער האָבן אויף האַרפן געשפּילט זייער ליד פון טאָג.

אַלע יאָרהונדערטער גייען אין דיינע גאַסן שפּאַצירן, ירושלים.
אַ טייל פון זיי האָבן זיך אין קאַפּולעס פאַרקליבן,
אין קלויסטערס, מאָשייען, אין שולן —
איינע פון זיי האָבן קרייצריטער געצונדן,
בעת מיינע ברידער האָבן זיך פאַרבונדן
אין ברענענדיקן שמע ישראל מיטן הימל...
זייער הייליקן אַש האָבן ווינטן געטראָגן אין אַלע פיר ווינקלען פון מדבר.

איבער אַלע פּנימער בליצט ירושלימס נאַכטיקער הימל.
אין בין־השמשות באַזעצט ער זיך נאַכט אויף נאַכט.
אויף חורבות, פּאַלאַצן, אויפן גאַנצן געטומל אומפאַרגעגלעכקייט.

צען מאָסן שיינקייט זענען אַראָפּגענידערט אויף דער וועלט,
ניין פון זיי האָט צוגענומען ירושלים,
און איינע די גאַנצע וועלט.
צען חלקים יסורים זענען פאַראַן אויף דער וועלט,
ניין זענען אין ירושלים,
און איינער אין דער גאַנצער וועלט.

ירושלים, ספר מיט זיבעציק זיגלען,
יעדער פון זיי אש להבה,
אַ גליִענדיקער שטערן יעדעס בלאַט,
וואָס שרפעט די פינגער ביים איבערמישן.
דער נייער דור ברענט די פינגער
און מישט די פלאַמענדיקע בלעטער
אונטערן רויטן דאָרנבוש פון נייעם טאָג.

דיינע ברונעמס זענען פאַרטרוקנט, ירושלים,
און דיינע ברענענדיקע ליפּן מאַכן די וועלט דורשטיק.
הונדערטער פּנימער ווייזט דיין פּנים אַלע טאָג,
סטאַדעס פּאַשען זיך אויף נאַקעטע פעלדזן ווי ביים אָנהייב,
קברים ליגן שטומע אונטער געוועלבטע קופּל־דעכער,
רחלס קבר ליגט אויפן וועג, כדי דאָס בת־קול פון איר געוויין
זאָל זיך טראָגן אין אַלע פיר ריכטונגען.

אַלע נאַכט פאַלן נייע שטערן אויף די בערג פון יהודה
און לייכטן ווי דערפילטע ווונטשן.
די גאָלדענע שטאָט פאַרפּוצט אירע לענדן
מיט אָראַנזשן־צווייט און מיט בלענדן פון יונגן וויין.
אורן ירושלמי שעפּטשעט דאָס טרוים־ליד פון ווידער דערוואַכן,
גאָלדענע לייבן האַלטן וואַך ביי די טויערן פון הר־הזיתים,
ווו ס'רוען יענע, וואָס האָבן זיך פון דער דאָזיקער ערד נישט געוואָלט
אָפּשיידן,
טאָג און נאַכט היטן שומרים די וואַנט פון ירושלים און איר יסוד.
דאָס יינגסטע ירושלים און דאָס לעצטע,
עס איז אייביק.

## ווי אָפט די ערד האָט געציטערט

ווי אָפט האָט די ערד געציטערט אין אירע יסודות
פאַר די האַרבע געבאָטן פון גאָט?
מענטש און טייך זענען אַראָפּ פונעם וועג
און דער קוואַל איז פון זאַמדן פאַרזיגלט געוואָרן
און זוכט נאָך אַצינדערט אַ וועג...

ווייל נישט ככל הערים ביסטו, ירושלים,
שטאָליק ווי דיין פאָלק און ווי דיין שטיין,
ווי דיינע היילן וואָס אין זיי לויערט נאָך די שלאַנג
מיט איר חכמה און איר בייזער כוונה;
דער חורבן דיינער זאָגט אָן דיין נייגעבורט.

דיין פעסטונג האַלט אויס דעם מצור,
ווי דער איילבערטבוים דעם שטורמווינט פון מדבר,
כאַאָס און מבול טראָגן דעם זאָמען פון זומער
אין זייערע אינגעווייד —
און איך אַליין, געענוג פאַרשייט צו וועלן דיך דערגיין,
שטיי באַלד נתפּעל, און אָפטער נאָך — דערשראָקן,
פאַר וועלן אויסגעפינען וואָס דער גורל האַלט פאַרבאָרגן
אין טונקעלן שוים פון דיין אייביקייט.

## פרי־פרילינג אין ירושלים

צופוסנס פון הרי־יהודה, וואָס טראָגן
די הייליקע שטאָט אויף זייער רוקן,
בין איך בנעימות זיך משתחווה צום פרילינג,
וואָס אין זיינע אָדערן גליט דאָס פלאַמענדיקע רויט
פון יענע, פאַרגאַנגען פאַר מיר...

אַ ים פון גרין שטראַלט אויס דער פרילינג
פאַר די עולי־רגל צו זייערע הויכן,
שטראַלט אונטערן גרינעם ליכט פון שפּראָצנדיקע צווייגן,
וואָס וועקן די ציקלאַמעס פון פּורפּורענע גלאָקן,
די רויטע אַנעמאָנעס פון שלאָף.

זיי ציִען זייער חיונה פון די פרינצלעכע אָדערן
פאַרפלאָכטן מיט די אוראַרצן פון די אייביקע בערג.
דער רויטער מאָן פאַרשפּרייט אַ לייכטע שיכרות
איבער דער שטאָט און איבער דער קלייט פונעם זילבערשמיד,
אַ יונגער ווינט קייקלט זיך געטריבן פון אין ערגעץ נישט,
פאַרפלאָנטערט זיך אין אַ קנויל אין מיטן גאַס,
און אַ בוים האָט זיך איינגעבויגן, און זינגט אַ תפילה אין די בלעטער.
קלאַנגען טראָגן זיך אָפּגעריסן, און ווי פון מנינים אַ כאָר,
גאַנצע וועלדער ברויזן מיטן רויטן מאָן אין שיכורן רויש,
וואָס פאַרבייט די קלאַנגען פון תשרי אין אַ פרילינג־געזאַנג.

איילעוודיק פאַרלאַנגען ווייעט אַ וויאָלעטן־הויך פון מערב־זייט,
טויזנט־גילדן־קרויט הנפעט דעם זיידענעם מאָן אויפן וועג,
צעטומלט פון זון און פון ווינט.

יונגע צווייגן ציטערן אין לייכטן רויש פון זייד און פון זית.
אויפן שוועל זיצט אַ קינד מיט אויפגעריסענע אויגן
און שפּינט אויס אַ רינג נאָך אַ רינג.

אָבער נישט נאָר זאַמדן אין מדבר, שטיינער זענען הונגעריק —
דערציילט אונדז דער ווינט, וואָס שפּרייזט איבער ים און יבשה
און וואַלגערט זיך איבער דער ערד, און זוכט און זוכט
בפירוש אַ לשון, און עפנט דאָס מוטערלייב אין וויין-טונקעלע נעכט
באַלאָדן מיט זריעה, אַזוי ווי ימי קדם פאַרן מבול נאָך...

און אָט וואָס טעמפּן זיך די ריטמען
אַנטקעגן שיר פון מיטן-טאָג.
די זון בהדרגה האָט אויסגעשפּרייט איר אייגענע שליטה —
זינגען איצט די פאַרבן נאָר מיט אַן אייגן לשון.

יאָ, די פאַרבן, צו קאַפּריזן אונטערגעוואָרפן
פון ליכטער און פון שאָטנס,
אין ציטער באַוועגט פון שטראַל און פון היץ,
דערפולן זיך אין שינוי פון אייביקן קרייזן
באַשיימפערלעך לויט געזעצן פון קאָסמאָס,
וואָס טיילן זיך אונדז מיט, וואָס נעמען אונדז מיט
אויף דער אייביקער חתונה
כדי זיך משתתף זיין מיט אַלץ און מיט אַלעמען
תחת השמים...

ירושלים זיצט אויף אירע בערג,
און שפּיגלט זיך אין גרין פון ים המלח,
און גריסט דעם ים התיכון פאַר אַ ווייל אין אַקאָרד
מיט אַלץ און מיט אַלעמען תחת השמים.

## איחוד פון ממשות און נס

וועלטן כאילו פאַרגאַנגען, זינגט דער זכרון
אין צייכן פון באַגינען
אין סימנים פון דערגרייכן,
אין זכות פון סעזאָנען
מיטן רעגן אין חודש אַפּריל,
מיט שנייען וואָס טאַנצן אויף מיידלשע ליפּן,
מיט פרעסקן וואָס דער פראָסט האָט געשליפן
אויף מאַט-גרויע שויבן פון אַ בלויען פאַרטאָג.

דער בלוי-פראָסט וואָס סקריפּעט מיט פאַרהאַלטענעם ריטעם,
געפרוירענע גלאָז פון אונטער די פיס,
זינגט די באַוועגונג אַנטקעגן דער זון,
זי שפּיגלט זיך אָפּ אין טויזנטער טראָפּנס
געפּערלט אויף צווייגן, געשפּונענער צירונג
פאַר חופות געגרייטע, אין פאַרבאָרגענע נעסטן,
פון יונגע חדשים צו ניסן, צו שבט.

דער ערדס גרינער דעקטוך פאַרבאַהאַלט ווי בכיוון די דראַמע
אין געראַנגל צו נייער אַנטפּלעקונג,
נתגלה צו ווערן אויף דער ערד־אויבערפלאַך,
אַ מין עולה זיין צו הייכן
נאָך נישט דערקענטע,
ווו דער דמיון דערוועקט זיך
און ווייסט נישט אויף זיכער, צי זוכט דער זכרון,
צי ער שפּילט מיט געזיכטן,
מיט שטיינער און תקופות געגלייזט אין פאַרפירן,
אין קוואַרצן און אָדערן, ווו זון און לבנה
האָבן בייגעוויינט דעם איחוד
פון ממשות און נס...

## ווינט אין עמק

און פון עמק שפרייזט אַ ווינט
בלומרשט אין אַ ווילדן צאָרן
שטויסט די כוואַליעס און צעצינדט
ווייסע פלאַמען אויפן שטערן.

און מיט אויסגעגלאַנצטע שפּאָרן
קומען ברוויזיק נייע אָן,
לעשן, צישן און פאַרוווישן
צייט און צאָל,
בעת אין ראַנגלען זיך אין שרעקן
מיט טויזנט איבערקערענישן.

שפּרייזט אַ ווינט מיט נאַקעטע פּיס
מאַכט אַ וואַרע אויף צוריק,
ציקט זיך ווי אַ שאַרפער שפּיז,
היפּערט איבער אַ פאַבריק,
וואַרפט זיך מיט אַ לייכטן שווונג
אויפן רוקן פון אַ פעלדז
און מיט אַ ווילדן שפּרונג
זיצט ער פלוצעם טיף אין טאָל.

דאָ ווערט ער צערטלעך מיט אַ מאָל
שטיפט אפילו מיט ציפּרעסן,
אַקאַציעס רייסט ער ממש ביי די האָר,
אַ ריפּנשטויס דעם יונגן עוקאַליפּטוס
און אורן ירושלמי שושקעט ער אין אויער
פאַרשייטע סודות פון אַ מאָל.

נאָך פון דער ווייט, פון באַרג גלעד,
האָב איך דערזען אים און דערקענט,
הגם ער האָט זיך אויסגעפּוצט
מיט איבער טויזנט פליגלען
און האָב געזען אין אַלע הענט,
ווי עס ברעכן זיך די זיגלען
און פאַרשיטן זיך מיט רחבות
איבער באַרג און בוים,
גראָז און גרין,
און אגב אורחא
איבער יעדן מין
פון אַ גראָד באַנייטער וועלט.

## אויפן וועג קיין אילת

די שטיינער וואָס האָבן געזעגנט, פאַר פאַרצייטיקע חטאים
האַמעווען דעם שריט און פאַרשטעלן דעם וועג,
די ערד געדיכט, געשטיקט פון זייער וואָגיקייט,
ווארפט זיי נישט אַראָפּ, טראָגט זיי שלעפּערדיק
ביז יונגע, קרעפטיקע הענט לייזן אוים איר פּרצוף
פאַר די בענטשונגען פון הימל.

די זאַמדן וואָס זענען געווען פאַר די דורות המדבר
האָבן געפונען אַ תיקון אין די מאָנסטער־בערג
מיט זייערע הערגליפן און צייכנס אויפן וועג קיין אילת.
זייער צייט איז געקומען, צייט פאַר די אָנהייבן, בעת
עס ווייזן זיך פאַסן פון גרין פאַר דעם וואַנדערער.
צייכנס און רמזים.

מיינע אָדערן פולן זיך מיט גאָלדענעם האָניק,
און דער רעגן וואָס טריפט איבער די וויינגערטנער,
איז מרמז אַ נייעם אויפקום פון וועלכן מיר זעען נאָר די ערשטע שורה.

איך וואַרט אויפן פולן געזאַנג, אויף דער גרויסער שירה
פון ערד און פון וואַסער, פון פייער און פון לופט,
וואָס האָבן אויסגעוועבט די הימלען,
ווו זונען און לבנות קרייזן
און פאַרשיכורן די שטערן ביי נאַכט.

אויף די זונען וואַרט איך, וואָס פאַרגילדן די טעג פון מעשה בראשית,
אויפן באַשאַף פונעם מענטשן, פון יענעם פאַרגאַנגען אין דער מדבר
וואָס האָט דערפירט איבער אַלע נסיונות צום פולן געזאַנג.

## אַ וויג פאַר מיין טיר

דער ים בעט זיך ווי אַ וויג פאַר מיין טיר.
איך ליג אויפן ברעג און טראַכט וועגן יענע,
וואָס האָבן דעם ברעג נישט דערגרייכט —
די זון צינדט אָן די גרינע פלאַך,
וואָס לייכט און בייט זיך אויף אַ דאַך פון בלוי,
און גייט פּאַמעלעך אויס אין גרוי,
אין אַ זילבערן גרוי.

איך ליג אויף אַ בעט פון זילבערגרינעם זייַד
און עס טיליקט נישט דאָס רויט,
דאָס העלישע רויט אין מיין הארץ.
בליצן אויפן ים, פונקצעשפּריצט.
אַ קאָנצערט פון קולות זינגט אין מיין אויער.
געפּרעסטע צייכנס טומלען זיך קאַפּויער,
צוגעטריבן ביז צום קוואַל.
די זון זיצט אין זעניט און שטראַלט.

אין שוים פון טאָג גליט טיפע רו,
די רו אין דער באַוועגונג.
ווער ס׳שעפּט אין חלום אויס די שעה,
ווער ס׳זינקט אַריין אין חלל.
אַלע פונקען אוצר.
זילבער-ברונעמס רוישן,
באַריידעוודיק און צוריקגעהאַלטן.
שלאָף, שטילקייט,
ווייך, שמן זית,
ווייך ווי דאָס אויג,

דאָס גרויסע בלויע אויג,
זיידן, שטאַרק,
אויסגעשפּרייטער זייד,
כוואַליעט זיך ווי אַ באַרג מיט ווייסע רענדלעך,
בלויע רענדלעך נאָר אָן גשמיות,
ווייך ווי אַ הויך —
און די ערד, די ערד טונקל,
ווי דאָס געוויכט אויף מיין האַרצן.

לאָז מיך, מאַנסטער,
לאָז מיך נאָר אויף איין מינוט.
דאָ שפּילן פייערן אין גאָלדענער גלוט
און ליכטער און שטיינער און ביינער,
וואָס שמייסן ווי אַ רוט
די שאָטנס אויף מיין הויט.
לאָז מיך אָפּ,
פאַר וואָס דערמאָנסטו מיך אָן קברים,
ווען קיין קברים זענען נישטאָ.

גרויס בלוי אויג, האָסטו געזען די קברים,
די קברים, און דו וויינסט נישט?
דעם חלל און די ליידיקייט, און רוישסט?
מיין מאַמע האָט געוויינט באָכן טרערן,
שטערן האָבן געקוקט ווי מ׳האָט אירע טעכטער פאַרשלעפּט.
זי איז אויך געגאַנגען,
נאָר אָן טרערן.

בלוי אויג, טעמפּל גרינער,
ביסטו פאַרגלייזט?
צי איז דער שימער אויסגעלייזט פון דיינע טרערן,

צי פון מיינע?
קאָנען דיינע וואַסערן, די אייביק נייע
נישט אַפּוואַשן, נישט מחדש זיין,
וואָס וועט קיין מאָל נישט פאַרגיין?
ניין! לויף נישט, וויטקייט,
די נאָענטע זענען אַהינגעקומען,
און איך טענה צו די טעג,
וואָס זענען אויסגערונען אין אַ תהום,
ענג פון לויטער ליידיקייט.

*

דער האָריזאָנט איז שוואַרץ,
און דער ים — פּלוצעם אַלט און קאַלט,
אַ בר־מינן אין קבר.
די שטראָמען שטייען שטיל אין האַרץ
און ס'איז שווער צו זען דעם מלכּם וויינגאָרטן.

אַוווּ זענען די כּלים, די קלאַנגען,
דער טיקטאַק פונעם זייגער,
דאָס געזאַנג פון נעכטן, די פידל,
די חופּה, דער לויבגעזאַנג
און דער געלעכטער?
שווער צו הערן אַפילו אַ שאָרך.
ענטפער, וויטקייט, אייביקע,
צי ביסטו אויך נאָך אויף דערווייל?

זיי זאָגן, דו ביסט אייביק,
די זון, וואָס טונקט זיך אין דיינע טיפן אַלע נאַכט,
נעמט מיט די אויגן פון מיין קאָפּ,
בעת איך טראַכט,

צי וואָלט איך זיך אָוועקגעריסן —
וואָלט איך האָבן די מאַכט דערצו?

דו ליגסט ווי אַ דאָס אין גרינער פּאַטינאַ,
געטובלט פון אייביקן שטראָם,
אויסגעגלאַנצט פון בלוי פון הימל,
אָפן ווי מיין אויג וואָס דאַרשט נאָך לינדערונג.
דער שטראָם אין מיר איז רויט
און וויקלט זיך אַרום די שרשים,
צי האָט דער שטראָם זיך אָפּגעשטעלט,
צי גייט ער אויף צוריק,
אַוווּ איז די בריק?

לויף נישט, הימל.
דו בייטסט זיך יעדע רגע, און איך
ליג אָפן צו די איבערבייטן.
ס'האָט זיך קיינער נישט געזעגנט
פון מיין הויזגעזינד,
און אויפן שוועל זיצט אַ קינד און ווייסט נישט.
אין מיין פּאָטערס הויז ליגן אַלץ נאָך די פּאַרשניטענע
און ס'האָט קיינער נישט באַוויזן זייער רעכט צו טאָן —
און איך אַליין, טיף אין מיר אַליין,
ווּ דער שיר ווערט טרער איידער ער ווערט שטיין,
איך טרענק זיך צווישן ליידיקייט און ערשטער טרעפּ,
איך זוך אַן אָנהאַלט אין דער ביטערער גרויס פון קוואַל —
און איבער מיין כוח צו שעפּן אַ שטראַל פון דערבאַרעמען.

איך קען זיך נישט פונאַנדערקלייבן
אַפילו מיט געשלאָסענע אויגן.
למראית עין זעט אַלץ אויס ווי געווען.

די ווייטע וואַסערן און די לאַמע וואַנדערער,
און די עלנטקייט פֿון אַ שטיין.
קוקט אַ שטערן אויף דער וויסטעניש ?
איז דאָס ווייסע אויפֿן גרונט נאָך מיין ברודערס ביין ?

און פֿון דאַנען, ברודער, איז דער וועג נאָך לאַנג.
פֿון מיין פֿענצטער דאַכט זיך, אַז מיר זענען נאָענט.
מעוועס פֿליִען מיט אַ שטיקל וועג,
הענג איך אויף די פֿליגלען
מיטן באַנגן געפֿיל, אַז איך פֿאַל
אויפֿן גרונט פֿון נישט דערגאַנגען זיין...
אַלץ וואָס איז, פֿאַרשווינדט.
עס פֿאַרבלייבן נאָר די צייט, און איך
אַ שפּילגעצייג
צווישן נעכטן און אומענדלעכקייט.

די טויטע ליגן לייכט,
די ערד איז זיי גרינג.
וואָס גיסט זייער סוד אַריין אין ים,
אין מיטן טאָג, וואָס קלינגט אָן איבעררייס ?
די פֿאַרוואַנדלונג סתם,
די אייביקע,
זינגט זייער אייביק ליד.
דאָס ליד פֿון די טויטע.

און איך, דער יורש
און דער פּירוש זייערער, האָב דעם לשון אַנגעוווירן.
דעם לשון אין אַ וויג פֿון גרינער זייד,
מאַרמאָרירט אין לייד פֿון די פֿאַרגאַנגענע,
איינגעגאַנגען אין די אייביקע טויערן פֿון אַנטרונען ווערן.

אָ, געדיכטע וויג פון זייער נישט זיין,
אַוווּ זענען זיי אַהינגעקומען?
איך גלייב נישט אין עפר ואפר.
איך וויל נישט. איך מאָן, מאַרמאָר, שטיין,
קאַלעך־אויוון. אַוווּ איז דאָס געביין פון די נישט געוואָרענע?
ווּ דאָס זאַליץ פון זייערע טרערן?
דער שמייכל, דאָס פאַרגליווערט ווערן?
דו קאָנסט נישט ענטפערן נאָר מיט ליידיקע וויגן,
מיט אַ וואַלד פון ליידיקע וויגן.
די ערד האָט נאָך נישט צוגעדעקט,
וואָס איז מיין ברודערס אַש,
דער ים פאַרטויבט די שטילקייט מיט אַ רעש,
איינגעשפאַרט אַפּווערנדיק די ערד,
שווער פון חטא און סוד.

## חמסין אין ירושלים

ס׳רעגנט זאַמד פון מדבר,
ס׳רעגנט אַש פון הימל,
דיינע ווייסע גאַרטלען, ירושלים,
זענען טרוקן,
דיינע מויערן שווער פון זכרון.

די וואַסערן זענען אַהינגעקומען,
דיין זון פאַרשטעלט פון וואָלקן און וויסטעניש
און גאָטס ניגון צעשפּאָלטן
אויף קרעכצן, זיפצן, וואַיען און געשריי.

דער אָפּגרונט איז אָפן,
פעלדזן לייזן זיך פון דיינע ווענט
און הענגען דערשראָקן אין דער לופט.
די גאָלדענע לייבן זענען פאַרציקט
און מענטשן ווידערשפּעניק.

זיי שווערן פון פאַרלאַנגען
ווי קערנדלעך קאָרן פונעם רעגן.
זאָל זיך קיינער נישט דערוועגן
צו שטעלן זיך אין וועג
צווישן זיי און די לייבן פון גאָלד.

גאָלדן ירושלים,
איך זוך זיך אין דיינע שפּורן
אין און מיט אַלע עדות
אין דער מיט פאַרשטיינטע,
פאַרצייטיקע טויטראָפּנס,

צעגליטע פון זון
אָדער פאַרגליווערט אין קרישטאָל
פון דייגע אייביקייטן.

איך זוך אין דיין זכרון
דאָס ליד פון דער וועלט
וואָס עס איז געווען פאַרן מבול
און וואָס עס וועט זיין —
דאָס ליד פון דערקענען,
פון ליבע דאָס ליד.
דער ים בענקט נאָך דער לבנה,
ווי עס בענקען די בערג פון יהודה
נאָך אַ שטראַל פון זון.

די לופט איז צו טרוקן,
דאָס ליכט איז צו גרוי,
בכדי צו באַנעמען דיין כוונה.
נאַכט ליגט איבער ירושלים,
און די ליכטער וואָס גליִען
שטרייכן אונטער די נאַכט.
די שאָטנס ליגן — אַ געדיכטער געוועב
און דערטרענקען דעם אייגענעם שאָטן.

און דאָך איז די נאַכט באַפעלקערט,
פון געיעג פון טאָג
און פון די דערשיינונגען פון דער נאַכט,
פון די רעטענישן וואָס קיינער דערוועגט זיך נישט
זיי צו לייזן,
פון די אייביקע קשיות וואָס גליִען זייערע צייכנס
איבער דער נאַכט פון ירושלים,
איבער די משמרות פון דער נאַכט.

איך זוך דעם פּאַסטעך
וואָס האָט געפּאַשעט דיינע שאָף,
דעם משורר וואָס האָט געזונגען דיין וואָרט,
דעם פויגל וואָס האָט געזונגען דיין ליד,
די לייבן וואָס די זון האָט צעגליט
מיט ווילדן חשק צו האַלטן די וואַך
צווישן די משמרות פון דער נאַכט.
ירושלים.

איך בלאָנדזשע אין דיינע וויינגערטנער,
צו פאַרנעמען דיין ליד פון ליבע
איך זוך זיך אין דער קאָרע פון אַ בוים
אין דער פולקייט פון אַ זאַנג,
זיי אַלע רמזים נאָר, וואָס באַוועגן
מיין האַרץ צו זוכן,
צו זוכן דעם אָנהייב, די קוואַלן
מיטן קוואַל פון דיין אייביקייט
ירושלים.

## דער ווינט זאָגט תהלים

די לופט איז גרין, די לאַווע גלאַנצט,
דער ווינט זאָגט תהלים מיט פּייכטע רעגנליפּן,
הרי יהודה מישן זיך מיטן האָריזאָנט,
וואָס נעמט צערטלעך אַרום זייערע קאָנטורן,
כמאַרעס הענגען גאָלדן־שווער
און וואַגן נישט צו קירצן די דויער פון טאָג.

ירושלים טראָגט אַ ווינטער־קלייד,
פאַרבערעמט מיט רויטן גאָלד,
די צווייגן פון די טענענבוימער טריפן מיט ברילִיאַנטן,
עס בלישטשען קערנער ווי פון פּאָמגראַנאַטן,
רויטע רובינען אויף דער ערד,
וואָס אַנטפּלעקט זיך און איז אַלץ נאָך כולו סוד...

און באַלד קומט אָן די נאַכט,
טרעכטיק אויך מיט בשורה,
עס ראַנגלט ליכט זיך מיטן שאָטן,
פאָספאָר־גע ל לייכט אויף רוממה,
פון קטמון שלאָגט געלער שוים
און מישט זיך מיט די כמאַרעס;
אַ גאַנצער דור דאַרף לייענען צייכנס
און ווייסט נאָך נישט דעם אלף בית,
דער רויטער זאַפט פון וויינבערג
האָט אַן אייגענעם לשון און רעדט
דעם גאַנצן וועג קיין תל־אביב
מיט רויטע בליצן און נאַקעטע פעלדזן,
מיט אויסגעשפּרייטע ברוינע שטחים,
מיט צידה לדרך פון אונטער דער ערד —
דעם גאַנצן לאַנגן געוויקלטן וועג.

## שטיינער דערציילן

און אינמיטן ליגט דער מדבר,
און דער עמק, און די חולה.
זאָמדן זינגען, זינגען ווידוי,
און הוילע בערג און דודס קללה —

בייזע שטורמען און די ווייען
דער ים התיכון און באַרג חורב,
פּאַלמעס און איז זיי די אילים
אל נקמות און עם קשה עורף —

פאַרשיטע קוואַלן,
אויסגערונען טיפע ברונעמס,
חורבות און שאַקאַלן
און אַ גרויסער ים פון דיונעס.

— נאָר דאָ ריידן שטיינער.
חיות, פייגל אויפן הויכן קול
האָט אַ מלך אונדז מיט ראיות
אויסגעטייטשט נאָך זייער עול —

און די בערג,
אפילו זיי דערציילן
פלאי־פלאים,
מעשהלעך פון טויזנט און איין נאַכט.
הרי אפרים און דער הר תבור!
זיי געדענקען דאָס נאָך יענעם דור
וואָס האָט אין אַ נאַכט
אַ שלאַכט געוווּנען.

צו לפּידות׳ ווייב, צו דבורה הנביאה
איז געקומען יענע זעונג
אַ העלער פלאַם אין מיטן נאַכט —
יענע אויסטערלישע זכיה.
זי האָט לגמרי נישט געטראַכט,
באותו רגע צו זיך גערופן
דעם יונגן זון פון אַבינועם.

האָט פאַרנומען די נבואה
דער יונגער זון פון אַבינועם
און האָט זיך מוראדיק דערשראָקן:
ר׳האָט נישט געגלייבט, אַז ער איז ראוי,
ער האָט פאַר שרעק די הענט פאַרבראָכן.

און דבורה, זי איז געשטאַנען —
די גאָלדענע האַרף אין בײדע הענט,
אויגן, ברענענדיקע פלאַמען,
ברק האָט זיך צו איר געווענדט.

און עס זענען זיינע ווערטער
געפאַלן מילד און געפאַלן שטאַרק,
שווערע טראָפּנס אויף אַ הייסן שטיין;
„נאָר אין דיר איז מיין גבורה,
אויב דו גייסט, דאַן בין איך שטאַרק,
ליכטער שטראַלן פון דיין צורה,
מיט גאָט, מיט דיר גייט אויך ברק!

און געגאַנגען איז בנימין,
און מיט זיי — דער שבט ראובן,
און ישׂשכר און זבולון,
און זיי פאָרויס ברק.

די ערד האָט געציטערט
ווען גאָט איז געגאַנגען
הימלען זענען געפאַלן,
וואָלקנס האָבן געוויטערט,
די וועגן האָט דער רעגן פאַרפלייצט —

און סיסרא איז געפאַלן.

און די שטיינער זיי דערציילן:
אין אַ טיפער, טונקעלער נאַכט,
שטיינער גרויסע, שטיינער קליינע,
האָבן זיך ממש אומגעבראַכט —

ווער איז ראוי צו דער זכיה,
ווער איז ראוי יענע נאַכט
פאַר אַן אָפּרו נאָר איין נאַכט,
פאַר איינעם נאָר! פאַר יעקב אָבינו.

און געלעגן איז דער איינער,
נאָר געלעגן, נישט געטראַכט,
און געחלומט מיט די שטערן,
און געשעפּטשעט, און געוואַכט:
„איר זאָלט אייך מערן... איר זאָלט אייך מערן".

און דער לייטער האָט געגרייכט
ביז אין מיט פון סאַמע הימל,
מלאכים זענען אויפגעשטיגן
און געניִדערט צו דער ערד,
מיט די פליגלען נישט געפלויגן —
און זיין חלום נישט געשטערט.

און דער גלאַנץ, וואָס איז געוואָרן,
ווען איבער יענעם האַלבן דרימל
זענען פּלוצעם אויפגעגאַנגען
טויערן פון הימל...

צו יענעם איינעם גרויסן שטיין,
וואָס האָט געזאָטן אָן אָן אויפהער,
סם געזאָטן, אָן געוויין,
היים און טרוקן, אָן אַ טרער,
אינעם חצר פונעם מקדש,
ווייל דאָס בלוט האָט נישט גערוט.

„ראה ה׳ והביטה למי עוללה כה ?
זע גאָט, צו וואָס מיר זענען דערגאַנגען,
אַז פרויען עסן די פּרוכט פון זייער לייב״ !
האָט אַ בת-קול געענטפערט פון הימל :
„ואם יהרג במקדש ה׳ כהן ונביא ?״

דערציילן דאָס די זקנים
פון אנשי ירושלים איינער :
„פון די קנעכל צו די ציינער
באַוואָפנט מיט כלי-זיין,
און די פיילן פון אַ בויגן —
אַזוי ווי זאַמדן פון דער מדבר,
האָבן זיי זיך לאַנג געצויגן,
נבוזראדן מיט זיינע געטרייע״.

גאָטס צאָרן, ער איז אַלץ געשטיגן
מיט פייער און פאַראַדן,
מיט געציקטער שווערד,
האָט דער באַצווינגער פון ירושלים, נבוזראדן

דערפילט גאָטס געבאָט —
געברענט, און חרוב געמאַכט, און צעשטערט.

דאָ אין דעם דאָזיקן טאָל
האָבן געטרעטן דאָס קאָרן
נבוזראדנס געטרייע,
זענען געשאָכטן געוואָרן
צווייהונדערט טויזנט מיט אַ מאָל;
און אין ירושלים
נײַנציק און פיר טויזנט —
אויף איין איינציקן שטיין.

און שטום איז דער שטיין געווען,
געטרונקען דאָס בלוט און געשוויגן —
דער שטראָם איז ער געגאַנגען רויט און שווער
אָן געזאַנג און אָן קלאַנג
און אָן אַ טרער —

און האָט פּלוצעם דערלאַנגט
צום זודיקן קוואַל,
צום קוואַל און צום בלוט
פון זכריה הנביא.
נישט גערוט האָט דאָס בלוט —
געקאָכט, געזאָטן און געשטיגן צום הימל.
איז נתפּעל געוואָרן נבוזראדן —
גערופן די זקנים און גענומען פרעגן,
מיט חשדים געפּלאָגט און געזוכט;
ווער ס׳וואָלט זיך דערוועגן דערציילן.

„בלוט פון בהמות, האָבן די אַלטע געזאָגט,
פאַר קרבנות געשאָכטן אויף דעם דאָזיקן שטיין,

זידט דאָס בלוט און איז עולה צום הימל" —
— ברענגט בלוט פון בהמות, וועל איך פרוּוון דערגיין —
האָט געטענהט בבלים קנעכט. —
נישט געווען צו דערקענען קיין סימן
און קיין צייכן איז נישט געקומען.

האָט נבוזראדן געזאָגט:
„וועט איר אויסזאָגן,
וועט מיין רצון צו אייך געמילדערט ווערן,
אויב נישט, וועל איך קעמען אייער פלייש
מיט אייזערנע קאָמען".

האָבן גענומען דערציילן די זקנים,
און געהאַלטן אין צאַמען זייער קלאָג:
„אַ כהן איז געווען צווישן אונדז,
אַ נביא אין בית המקדש.
ער האָט אונדז געשטראָפט
פאַר די זינד אויף אונדזערע הענט,
און האָט פאָרויסגעזאָגט דעם חורבן ירושלים.
זענען מיר אָנגעפאַלן אויף אים,
מיר האָבן אים געפּענט,
און אומגעבראַכט אויף דעם דאָזיקן שטיין. —
פון דעמאָלט אָן האָט דאָס בלוט נישט גערוט.
כמה יאָרן קומען, כמה יאָרן גייען;
ווי אונדזער געוויין,
דאָס בלוט האָט נישט גערוט..."

— איך וועל אים איבערבעטן —
האָט נבוזראדן געזאָגט,
און מען האָט גענומען גרייטן,
ברענגען די גרויסע סנהדרין און די קליינע,

געפלאָגט און געשאָכטן אויפן שטיין —
דאָס בלוט האָט נישט גערוט;
יונגפרויען, בחורים, קינדער פון חדרים —
דאָס בלוט האָט נישט גערוט.

„זכריה! האָט נבוזראדן אויסגערופן,
די בעסטע פון זיי
פון אַלע מדרגות, פון אַלע שטופן,
האָב איך אומגעבראַכט,
זאָלן זיי אומקומען אַלע?
מיט זייער גאַנצער טראַכט”?
און תיכף האָט דער שטיין,
האָט דאָס בלוט גערוט.

## אין גלי פון טאָג בליען בלומען אויף ס׳נײַ

אַ פלאַטער־פײגעלע זײגט דעם זאַפט פון רויזן,
וואָס טוליען זיך צערטלעך צום ראָזע שטיין פון מײַן מויער,
פרילינג און שניט באַגעגענען זיך בײַם טויער
אין רינג פון דערקענען,
מיטן רויש און פינאַל טראָגט זיך בשורה פון אַ נײַעם אָנהייב.

אָסיען? פרילינג?
דער קילער ציטער אין די צווײַגן איז זיך מתייחד
מיטן ציטער, וואָס שפּראָצט אין האַרצן פון מײַן ברודער.
דאָס רויטגאָלד און דאָס גרין
זינגען דאָס ליד פון סעזאָנען
„כי הוא על ימים יסדה...״

בעת די וואַסערן שטײַגן עד נפש,
שטײַגט אין יראת שמים דער געזאַנג,
וואָס גייט אויף און גייט אויס
פון טיפן פאַרבאָרגן אין רזי דרזין,
אַצינדערט און אייביק.

# די געצעלטן פון מדבר

די געצעלטן פון מדבר האָבן זיך פאַרצויגן,
ירושלים דערגייט צו איר אייגענער צורה,
די היץ איז באַוועגט פון אַ קילן אונטערשטראָם פון איר איידעלן יחוס —
דאָס קאַרגע גראָז אויפן פעלד חלומט פון פּאַרצייטיקע רעגנס
און ציטערט באַגליקט פון שטראַלן און צוזאָג.

בלויאויגיקע פּרינצעסין, מיט הימל טיף ווי דיין נאַכט,
דו קענסט זיין זיס ווי אַ קאַפּריז
אָדער ווי דאָס גאָלדן אייל פון זונפאַרגאַנג,
וואָס גילדט די מויערן מיט דער הייליקייט פון מיין פאָטערס תּפילה,
מיט דער פרומקייט פון מיין מאַמעס בענטשליכט.

עפן ווייט די טויערן פאַרן חסד פון אייביקן יונגזיין און נייזיין,
מלכה קדישא!

אין דיין ספר זענען די בלעטער פון פּאַרמעט פאַרגעלט
פון רוים די מער און פון ביזאַנץ,
פון אדריאַנוס און פון קאָנסטאַנטין דער חותם
האָט די ברענענדיקע זון צעברעקלט.
— זיצן שומרים אין די היילן פון ירושלים
און היטן דעם תּוכן,
די אבלים היטן דעם צער פון דער שטאָט.

פון ווינטן און זאַמדן צעטריבן, חרוב געוואָרן,
אין דער גאָרער וועלט חרוב געוואָרן,
נאָר דער תּוכן ירושלים, צי איז דער תּוכן געבליבן?...

## דו ביסט יונג, פרינצעסין

דיין פּנים, פּרינצעסין, איז נײַ
און נײַ איז דיין געוואַנט,
טיף בלוי און הויך און גאָלד פאַרברעמט
רוישט דיין באַהאַנג, האַרב און זיס
ווי רויטע רובינען אין מילגראַמען גרייטע
אויפן ווייסן זוים פון דיין קלייד.

דער פלאַם וואָס בריט מיין פּנים
עגבערט צו די שפּראָצן פון אונטער דער ערד
און גליט מיט רויטן בלוט דאָס גרין פון זאַנג און זינגען
אין פאַרבאָרגענעם אָרקעסטער,
וואָס וועט אונטער פוגן געבערן
דאָס ווינטערדיקע ווערן
פון גערעטעניש און פרוכט.

אַ, גאָלדגרינע שטאָט, אין בלויען באַהאַנג
מלאכים זינגען פאַרב אין דיין שטיין,
ראַזעווע פאַרבן אין גרויער אייביקייט,
געטעסעט אוים שטילקייט און גאָט.
דאָס קרישטאָלענע ליכט אין דיין מאָרגנשעה
פאַרגלייזט מיט אַ שימער דעם כישוף פון דער זונס אויפקום.

ווי יונג דו ביסט אין מאָרגנקלייד!
צי וועבט דער ווינט אַ נייעם אָנהייב?
צי זיפּט די בין נייעם האָניק אין איר טרונק,
פון איר סטעלניק טריפט דער האָניק פון גערעטעניש.
דו ביסט יונג, פּרינצעסין, אין כּתר מלכות פונעם מאָרגן,
אין בלויען באַהאַנג פון זונאויפגאַנג.

## שטורעם איבער ירושלים

יאָרטויזנטער זענען אין דיין שויס געשלאָפן
הייליקע ערד,
דו האָסט געוואַרט און האָסט זיך נישט געוועהרט.
ביז ס'זענען אָפּגעלאָפן
אַלע רעדער פון פאַרניכטונג,
אַלע ווייען פון פאַרוויסטונג איבער דיין האַרטן לייב.

שטורעמס יאָגן איבער ירושלים —
זיי וואַרפן מיט שטיינער
און שפייען מיט פייער.
דעם שטח פאַרדעקן טרוקענע ביינער
פון מדבר פאַרטראָגן.

כמאַרעס פאַרדעקן די זון.
יאָגט איינע געלאָדן פאַר זיך, באַזונדער,
וואַרפט זיך אויף אַנדערע לייכטראָזע, ריינע,
פאַלט אָן,
און צעשפּאַלט זיך מיט גוואַלדיקן קראַך.

פענצטער און לאָדן הרימען,
באַלקן און בלעכן באָמבלען פון דאַך,
שאָסייען און טראַקטן יאָגן צעשראָקן,
ווי פעכער — פאַרטרוקנטער סכך
פאַרלייגן דעם גלאַטיקן שליאַך,
וואָגן און רעדער ליגן געבראָכן
אויף אַ פאַרוואָגלטן ראָג —
די כמאַרעס, שווער אָנגעלאָדן,
גיסן געגליווערטן גלאָז אין די אויגן,

די וועגן באַפעלקערן מראות,
דער האָריזאָנט אויסגעצויגן —
בליצט שטראַלנדיק ווייס.

מיט זודיקער פּאַרע סאָפּעט דער שטורעם,
גליאיקע ברוסט פון דעם מדבר —
און דערגרייכט צו די שטעט...

צעשיטע לאַווינעס פון בלענדווייסן זאַמד
צעציען די סטרונעס,
צאַמען און שפּאַנען
און רייסן פאַנאַנד.
זאַמדן פאַרווייען
שוים־ווייסע שנייען,
פלעכטן און דרייען
אַ לויפנדיק באַנד.

דער טויטער ים שוואַרצט!
די גרעלווייסע שוימען ווערן צעשלאָגן
און גרימיק פאַרשטאַרצט
לייכט בלויער טירקיז!

דער שטורעם ווערט וויסט!
שררייזט ווי אַ ריז אַריבער אַ באַרג
און מיט אַן עלאַן אַ פּוס אין אַ תהום.

און אַט שטייט ער שטיל
אַ צעפּילדערטער שטראָם
און שטרעקט זיך אַ וויל
צווישן שטערן און שטערן...

## חולתה

רבונו של עולם, איך קוק אויף די שטיינער,
אויף יענע וואָס רעדן, אויף יענע וואָס שווייגן אויפן הויכן קול,
אויפן שטיין וואָס איז מרמז אַ סוד,
אויף יענעם טרעכטיק מיט הבטחה,
אויף יענעם שטיין מעוברת מיטן וואַסער
וואָס משה האָט געשלאָגן פונעם פעלדז,
און אויף די פשוטע, האַמעטנע שטיינער
וואָס באַשאָטערן די בערג,
ביז יונגע נאַקעטע הענט מיט און אָן געצייג
שטיינערן זיי אויס צו מאַכן גרייט די ערד
פאַר קיום און ברויט.
שטיינער דערציילן פון עליות און ירידות
פון מעשי בראשית ביז עשרת הדברות און דערנאָך...

...איך גליטש זיך איבער די וואַסערן פון דער חולה.
די זאַפטן וואָס שטייגן שליימיק און גרין,
די באַשעפענישן אונטער דער אויבערפלאַך פון אָזערע
און דער גרינער געזאַנג פון חולתה
מיטן שיר פון גאָלד אויף די ליפן, ווי ערב מאַי,
און די חברות פון פייגל אין אַ זונבאַהאַנג
פון פרילינג אין די פליגלען,
דעם פיבער פון פרילינג אין די אָדערן
מיטן אויסברוך אין דער קנאָספּ, וואָס זאָגט אויס דעם סוד,
אַ טראָפּן ראָסע אויף אַ גרינעם גראָז, וואָס פאַרראָט
ווי דאָס שפּיגלבילד פון הימל אין דער אָזערע
וואָס אַנטפּלעקט און דערציילט,
אָבער מער נאָך פון אַלץ דערציילן די שטיינער.

אַ יעדער געלוסט וואָס גליט
ווי דער גאָלדענער טאָג אין זעניט,
זאָגט דער קעפּער צו דער קעפּערן:
„די ערשטע ליבע און די לעצטע...״
די פֿייגל בויען נעסטן, און דער אינדיק האָט
אויסגעשפּרייט דעם פֿאָכער אין זיין גאַנצער פּראַכט,
נאָך איידער עס איז געפֿלויגן אַ גאָלדענע פּאַווע.
דער פֿרילינג גלאַנצט אין אַלע פֿאַרבן ווי איר פֿאָכער,
ווער טראַכט דאָס וואָס ס'וועט זיין אין אָסיענצייט?

אַצינד זוכן זיך גאָלדגרינע הענט,
פֿאַרוויגן די ערד מיט אַ לויבגעזאַנג,
געפּענט צו איר מיט וואָרצלען, מיט אָדערן, מיט געביין.
דאָס בלוט און די בלום טאַנצן מיטן ווינט אַ רינגל־ראָד
אין איינעם מיט דער רוישנדיקער רחבות
צום גרינעם טאַקט פֿון וואַקסנדיקן טאָג
ביז אין דער בלויער נאַכט אַריין.

## בייטסט זיך יעדע רגע

דו ביסט קיל און דו ביסט אייביק, ירושלים,
און בייטסט זיך יעדע רגע.
אַט איז דאָס גאָלד אַהינגעקומען —
שווימען שטערן אין דער רויטקייט פון אַ זונפאַרגאַנג.
דער הימל, לויטער קופּער,
בייט זיך, זשאַווערט און ווערט פּאַטינאַ.
די בלויקייט פון די בערג גייט אויס
אין סאַמעטן שוואַרץ.

קילע, הייליקע שטאָט,
דיין ערד איז מיין פּנים אין המשך,
דיינע מויערן — מיין עבר,
דיין ערד — ברוין ווי מיין האַנט,
דיין הימל — אַמעטיסט אויף דער מאַמעס שטערנטיכל פאַר די
בענטשליכט,
אויף דיין גרין פעלד שפּילט די רויז פון מיין האַרץ,
די רויטע רויז.
פעלד און בערג — די וויג פאַר מיינע נעכט,
מיט און אָן כוונה
יסוד פאַר מיינע טעג...

הויך ווי דיין הימל, ווי דיין מראה אין מיטן נאַכט,
טרינקען די כוואַליקייט פון דיינע בערג,
מיטן דרום־ווינט אין פריבאַגין,
מיטן ראָזע־רויט פון מזרח־זייט,
מיט די טראַפּנס ראָסע, וואָס בלישטשען אויף און פאַרגייען אין
אַ שטראַל פון זון

מיטן ערשטן ציטער ביי דער געבורט פון טאָג.

— — — — — — — — —

זינגט מיין קול א ניגון?
אַ גילגול נאָר פון אַ ניגון נאָך אַ נייגעבורט?
די זון טונקט איין ירושלים אין גאָלד,
ווייסע שעפעלעך טומלען זיך אין בלוי,
און איך האָב האָלט דעם צוזאָג פון פרילינג איבער דער ערד.
מיין געהירן צעשפּרינגט אין אַ מיליאַרד פון שטראַלן,
און איך צעגיי זיך אין אַ שלייער,
און ליג איבער ירושלימס ערד,
און וויג מיין גוף אויף אירע שטיינער.
זונען הענגען ווי פרוכטן
און וועקן די ביינער פון שלאָף.

## די יונגע, וואָס פאַר זיי שטייט דער פלאַנטער

טראָג מיך מיט דיר, טונקעלער טייך,
נישט דיר אַנטקעגן,
פון בלעטער דאָס רוישן אין ווינטונקעלע נעכט
צעטראָגט דער ווינט,
ראשי תיבות, אָפן צו יעטוועדער טייטש,
די ערד איז ציטעריק און שפינט
און איז מגלה דעם סוד, וואָס זי האָט איינגעראָמט
פאַרגאַנגענע דורות אין אויער.

צי איז די לבנה געווען יונג,
צי איז מאַרס געשטאַנען אונטער אַנדערע צייכנס,
צי האָבן נאַכטפייגל געהיטן אַ סוד,
צי האָבן זונען און זאַמדן געוואַנדערט אויף גאָטס באַראָט?

און אַזוי, אַ יאָר נאָך אַ יאָר, איז אַלץ געשטאַנען אויף אַ האָר...
גאָרנישט איז זיכער, נאָר דער שנוי,
די חדשים פון באַוועגונג, פון ראָטירן אַרום אַן אַקס,
וואָס איז אומזיכטבאַר.

נישט זכרון און נישט יאָרן ברענגען זיכערקייט, דערקענען.

— — — — — — — — — — —

און די יונגע, די יונגע, וואָס פאַר זיי שטייט דער פלאָנטער,
פאַרוויקלטער נאָך, און אומענדלעך צעוואַקסן,
ווייל אין דער ברייט — אַפילו פרילינג און רעגן,
זענען ענטפער נאָר לפי שעה,
און ערשט, טונקעלער טייך אונטערוועגנס,
ווער פרעגט נאָך, ווער טראַכט
אין מיטן פון ווינטונקעלער נאַכט?

## אין צייכנס, וואָס זענען איינמאָליק

דער מילשטראָם פון יאָרטויזנטער עגבערט זיך צו דיר, ירושלים,
דער שווינדל פון איבערקערעניש, דער מדבר,
דער כליפ פון חסד און דאָס גרויסע פאַרציטערט ווערן
פלאַטערן פריי איבערן לאַווע-געבערג
און פאַרטיליקן דיין שטילקייט, ירושלים.

דער מדבר קומט צו דיר צו געסט
און לייגט אומרויִק איר חותם פון דערמאָנען אויף דיינע גלידער.
דער מדבר איז דיר נאָענט, ווי דאָס געשטיין, וואָס איז אין דיר
שטיין, שטיין,
אין קוואַדערן, אין בלאָקן, אין שאָטער,
גרויס און קליין.
שטיין, גרוי, און ראָז און ווייס.
היים זונליכט בלענדט
און ברייטהאַרציק שיט דער הימל בלוי
פון זיין וויטן פירמאַמענט.

צעשויבערטע איילבערטביימער שטייען איינגעשפּאַרט
אַנטקעגן ווינט, אַנעמאָנעס שפּרינגען אַרויס פון אונטער געשטרויך,
ציקלאַמעס שטיפן מיט דערוויילעקער פאַרגענגלעכקייט.

האָסט זיך אָנגעטאָן אין ווייס און אין גאָלד, ירושלים.
ווי אַ כלה, מיט בלעטער וואָס האָבן דאָס גאָלד
אויף רויט פאַרביטן און אויסגעליטן.
און גלייך ס׳וואָלט נעכטן נאָך געווען,
נאָוועמבער איז אין שטאָט, בלעטער פאַלן,
און גלייך ס׳וואָלט נעכטן נאָך געווען
שפּראָצט באַנייטער גרין אין יעדן מין

פון אונטערן געשטיין,
גלייך ס׳וואָלט נעכטן נאָך געווען,
גרינען מירטן אויף דער כלהס שטערן,
דער ראָזער שטיין לעבט פון נעכטן נאָך,
שפּינט מיט אונדזער געביין די לעגענדע פון אונדזער זיין.
און דער האָניק, וואָס טריפט פון די מויערן,
פון סטעלניק האָט די זון געזאַמלט, און שטראַלט אים אויס פון זיך,
אין וואָכנטאָג, אין ראש חודש, און אַפילו אין רעגנצייט
פאַר די טויערן פון ירושלים.

אין די מאַרגנרויטן פון באַגינען,
מיט גרוי געשטיין וואָס באַשאָטערט די אויבערפלאַך
דער לאַווע-באַדעק, וואָס איז שולט איבער די בערג —
פון וואַנען נעמט עס זיך, וואָס עס ענטפערט אויף יעדן גלעט פון מיין אויג,
און אויף יעדן פילטער, וואָס די זון שיט אויס,
ווען זי איז נאָענט און ווען זי איז ווייט
און בליט אויף צומאָל אין גאָלד
און אין ראָז, ווי אַ רויז,
און לעשט זיך אויס אין רעגנצייט?

ווי דו לעבסט און ווי אייביק דו ביסט, ירושלים!
די פאַרקניפּטע פינגער פון דיינע צווייגן
האָבן איבערגעשטאַנען די פאַרוויטערונג פון ווינט
און זיך באַהאַפטן מיטן געשטיין
און אָנגעצייכנט היעראָגליפיש
דיין נעכטן, דיין אַצינד, אין צייכנס וואָס זענען איינמאָליק.

# מיר קומען אָן די איינציקע, די לעצטע

בלוי באַלויכטן ליגט דער ברעג
אין רויש פון ים און פאַר טאָג,
איבער די דיונעס ציט זיך, באַוועגט
אַ קעמל-טשערעדע,
שעפּעלעך אַ סטאַדע,
און אַ פּאַסטעך וואָס פרעגט —
ווי ווייט ס'איז דער וועג צום מלכּם ווייַנגאָרטן ?

און דאָרטן ווייט דער האָריזאָנט
ליגט ווי אַ מחיצה.
דער יונגער מזרח-ווינט ציטערט
די ערשטע טוי-טראָפּנס אויף פריגעוויקס
און קנאָספּן פאַרשלאָסן באַוועגן אומרויִק
די אייבערשטע בלעטער-ליפּן
אַנטקעגן אַ פאַרבאַהאַלטענעם שטראַל.

אין סובמאַרינעס צוגוס שפּייט דער ים
אַ באַרג אָרוים.
ליגט דער ברעג אין אימה,
נאָר קינדער אין די וויגן חלומען זיך
כּלי-זמר וואָס שפּילן אַ מזמור,
נאָר נישט צו דערקענען די כּלי-זמר...

אין אָפּגוס בייט זיך לגמרי דער ים.
אַוועק פונעם ברעג אויף הונדערטער מייל,
צערייצט פונעם הימל טונקט ער זיין בלוי אין שמאַראַגדענעם גרין.
צו מאָרגנס פאַרלייקנט ער אַפילו די שטערן

און זאמלט די טרערן, געגלייזטע פון זייער קאַליר.
די זון שפּאַנט דערווײַלע אין אַ שפּאַליר פון ציפּרעסן.

נאָר ביי נאַכט,
אין דער לאַנגער נאַכט פון זיין אַליין,
שלייפט דער ים זיין בלויקייט אויפן שטיין,
וואָס איז אַ מאָל געווען אַ מזבח.
נאָרעט זיך אין געלן זאַמד ביי טאָג,
טונקט זיך אין פאָספאָר ביי נאַכט
און נענטערט זיך האַפערדיק צו אַ ברעג, וואָס איז מיד.

אין אַנגסטן טראָגט דער ברעג אַ לאַנגע תקופה,
וואָס ציט זיך דינער, דינער,
אויסגעליידיקט פון איר תוכן ביז צום הויך
פון אַ פאַנטאָם, אַ מראה סתם,
איינגעשלונגען פון דער צייט,
איינגעשלונגען פון דער ערד.

די ערד איז פעסט אַפילו נאָך דערשיטערונגען.
סאַליד אַפילו ווען געוויטער שיטן דורות אין איר שוים.
שלינגט זי דור נאָך דור און גיט זיי נישט אַרוים.
פאַלאַצן ווערן מיד, זינגען אין פאַלן אַ ליד פון פאַרגיין,
בעת איבערן ברעג דער גורל שפּאַנט.
טורעם-גלאָקן ליאַרעמען מגפות אין שריט,
דער שטורעם הוליעט קליינוואַרג איבערן לאַנד,
מלוכות ברעקלען זיך פון אונטער אַ מויער פון גראַניט
און דער שניטער ציט איין פאַמעלעך דעם שניט.

צו מאָל ליגט דער ברעג שווער פון זכרונות,
האָרכט געשפּאַנט צום דרום-ווינט, און צו די איבערבייטן.
אַלע קלויזן ווערן אָפן, און האַרבע געצייטן

לויפן האַלדז איבער קאָפּ: אַ בריק, אַ שול, אַ סטריכע,
לויפן פון וויכער געטריבן,
צעטראָטענע פעלדער, אַ געלעכערטער טאָפּ,
אַן איינגעפאַלענער בנין, אַ קרעטשמע אַ פאַרברענטע,
אַ ישובניק זוכט אַ צענטן צום מנין —
און אַלע קלאָגן זיך, וואָיען ווילד אין דרום־ווינט.

נישט שייך צו דערגיין צום קוואַל
פון אַזוי פיל איבערבייטן אויף די וועגן;
נישט שייך אַפילו לויטן ווידערהאַל,
וואָס ס'האָט איינגעשלונגען טויב די ערד.

אין אַן אויסגעשטערנטער נאַכט קומט אַלץ צוריק.
אַלץ שטייט אויף ווי אין אַ שפּיגל,
אַ פולקייט פון צייכנס און עמבלעמעס
לויפט אומגעהאַמעוועט, אָן אַ ריגל,
ווילד איבערן זכרון און מאָנען,
און דערמאָנען, אַז מיר קומען פונעם מדבר, ברודער,
ווו בערג זענען מאָגער און וואַנדערן ווי סקעלעטן
און דער פויגל האָט נישט קיין געזאַנג;
אַז מיר קומען פונעם ווינטער, ווו לעבן ליגט אין גליווער.
דער שלאָף — אין אייזן, און די ערד איז אַן אלמנה,
וואָס טראָגט נישט קיין בשורה פון פרוכט.

אין אַן אויסגעשטערנטער נאַכט
ווען מיר קומען אָן — די איינציקע, די לעצטע
ציִענדיקע כמאַרעס, אָנגעלאָדן מיט נישט־דאַ־געדאַכטס,
טרעכטיקע פון סוף און הונגעריק נאָך אין סוף,
אין אַן אויסגעשטערנטער נאַכט
קומט אַלץ צוריק.

איך געדענק נאָך אויך אַן אַנדערע נאַכט...
דער ברעג איז געלעגן אין אַ וואַלד פון געבלעטער,
די היפּטן צעטרייסלט, שטורעם-געלאָדן,
כ׳האָב געצונדן די בערג און געשאָטן דעם פייער אין טאָל,
דעם הימל געהויבן ווי אַ טיר אויס די אַנגלען,
אין שטיקער געשניטן מיט דער שאַרף פון אַ בליץ.

צווישן בליץ און בליץ געלויכטן האָט אַ בלויער אַמעטיסט
אַריאָנס פּראַכט געשאָטן האָט זונען איבערן חלל,
איבערן פירמאַמענט, אין דער גאָלדענער היץ,
שיטן זיך פעלדזדיאַמאַנטן איבער אָקעאַן, ווייס-בלויע אייזבערג.
און איך האָב אַליין זיך ווי געביטן
איך בין דאָס וואַרעמע בלאַט אין שפּאַן פון אייגן האַרץ,
איך זינג אַ וויגליד צו מיין האַרץ
געבוירן אין דער קנאָספּ פון שבט,
וואָס טרייבט זיך אַרום אין רוים פון צייט,
וואַקס איך אויס אַ זייל פון מיין הויז און דורכזיכטיק
וועלט פאַרשטעלט דעם גאַנג פון פרעמדע שטערן,
בעת איך הער די ערשטע טוי-טראָפּנס פאַלן אויף דער דורשטיקער
ערד,
פאַלן פון צווייגן, פון גרינעם געבלעטער
אויף גאָלדגרינעם בלאַט פון מיין האַרץ.

## תמוז

דאָס ליכט טריפט איינגעהאַלטן.
פון „מוסד״* די תפילה טראָגט זיך אין אַ זינגזאַנג.
אינאיינעם מיטן קלאַנג פון זילבער
אין די איילבערט־ביימער פון פריטוי געטעמפּט אין די צווייגן,
מיטן יונגווינט אין פליגלען —
מיט דער שליטה פון שחרית און שבת אין ירושלים.

אַלץ טיפער טעמפּט דאָס בלוי דעם שימער,
בעת רויטגאָלד שיט דעם הימל,
און עס וועקן זיך הרי־יהודה
מיט זיי אַוודאי הר הזיתים —
אין יראת־שמים דאַרטן, רוט מיין זיידע
אין זכרון די הבטחה
מיט אַ ברכה צום באַשעפער
פאַר דער בשורה און בטחון
אין די קלאַנגען פון שופר של משיח...

עס טריפט ווי האָניק פונעם סטעלניק,
אין רויט־גאָלד שטרעבט די זון צו אויפקום,
גילדנדיק דאָס גרינוואַרג אין די קרוינען
און ברעכט די דורכזיכט אין קרישטאָל.
אַ פויגל טשירפּעט.
איינער נאָך אַליין —
אין קרעשצענדאָ ברויזט אויף איינמאָל אויף
אַ כאָר,
אַ תהילים־געוואָרענער שיר
פאַרלירט זיך אין מתיקות...

* נעבן אונדז געפינט זיך דער רעליגיעזער דערציונגס־אַנשטאַלט פאַר היימלאָזע קינדער „מוצא״.

ששש! פּאַרצייטיקן סוד רוימט איין
אַווינט אין די צווייגן, און שיט אוים,
אַ געניטער ליבהאָבער —
הימל און ערד איבער בליִען און בלומען —
נאָר תמוז, אַ קראַנץ אין די לאָקן
לאָזט הענגען דעם קאָפּ
אין אַ טראַנס...

אָ, געטלעכער תמוז, זיפצן דערשראָקן די טעכטער פון ציון —
דער וויין הענגט פורפורן אין די בלעטער,
די בלום חבצלת מיט שטורעם אין די האָר,
די ערד אַלץ נאָך טרעכטיק ציטערט אינעם איחוד,
...לעשט אוים יעדע שפור פון דער נאַכט.
געזאַנג צי געוויין הערן כרובים אין הימל,
נאָר שטערן ווערן נעלם,
בלעטער רוישן אין נישט-דאָגעדאַכטע אַנונגען,
די טעג ווערן קירצער און לענגער די נעכט,
מיטן פריבאַגין שוועבט אַלץ נאָך נאַכט,
זי איז טונקל,
טונקעלער נאָך,
שרעקן די ציפּרעסן,
אילים לויערן אין די צווייגן,
דער ים קנייטשט זיך פּאַרציקט
אין טויזנטער ריפּן,
צו חצות זענען שאָטנס זיך מתיחד מיטן ווינט
און עס וויינען בנות-ציון,
און עס וויינט דאָס הויזגעזינד נאָך תמוז...

עצבות שפּרייט זיך ווען געטער שטאַרבן —
ירושלים איז חרוב, דער מלך יהויכין
גייט אין גלות אַריין

דערזען די באַוווינער פון גאָטס הויז
ווי כביכול ווענדט זיך אָפּ
און דערפילן פאַריתומט דעם טעם פון זיין צאָרן...
פון מעבר לים די יללה דערגרייכט נישט זיין אויער,
דער נביא ליגט אויסגעשטרעקט ארצה, איבערן הר שׂעיר,
און פאַרנעמט אין אימה די התראה:
„איך וועל אויסשטרעקן מיין האַנט אויף דיר
איך וועל דיך מאַכן אַ וויסט און וויסטעניש"

*

אַ רויכיק ראָז־גרוי זעצט ווי פאַרע פון גלי־באַוועגטע טיפן,
נאָך איידער עס באַווייזט זיך דער פלאַם,
וואָס דער נביא האָט געזען, ווען גאָט האָט זיך צו אים באַוויזן,
מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט
פון פייער און בורשטין, ווי עס דערציילט דאָס יחזקאל אַליין —
האָט אים גענומען פאַר אַ לאָק
און אַ ווינט האָט אים געטראָגן צווישן הימל און ערד
אַהינצוצו צו עיר הקודש.

טשירפּעט אַ פויגל
אין וויינשטאָק צווישן די וואַלדביימער
און וועקט זיין באַשערטע,
פון אַלע זייטן הערט דער נביא ווי עס שעפּטשען
גאָטס באַשעפעניש אין פעלד און אין וואַלד,
די לופט איז גאָלדן אין איר ווידערקול,
באַשטראַלט פון ראָז־רויט און בלוי־באָגין...
אַנגעפילט מיט בשורה שפּרייזט יחזקאל
מיטן מעכטיקן אויפקום פון גאָט און פון זון.

גרינע וואַסערן צעשלאָגן זיך אין שוים,
מיט זיי, דער זיסער טרוים פון תמוז.
ווייסער יאַסמין און רויזן רויטע,

פֿאַרשוועגדן זייערע בלעטער אין שטורעם פֿון וואַסער־פֿאַלן
פֿאַלן די געטער.
געזאַנג און געלעכטער צווישן די צווייגן
פֿאַרהילכן אין טאָל —
הערט זיך אַ קלאַנג, אַ סוד און אפשר אַ רמז...
נאָר קיינער הערט זיך שוין נישט איין —
זוייל תמוז פֿאַרגייט אין פֿאַרבייט פֿון די זמנים.

ירושלים ליגט אין חורבות — דערציילט יחזקאל הנביא,
אין גלות ווערט געפּייניקט דער מלך יהויכין,
און דער האַר פֿון אַלע עולמות האָלט, אַז
געקומען איז די שעה נתגלה צו ווערן:
צו וואָרענען, צו רייניקן דאָס הויז פֿון ישראל.
אַזוי דערציילט ער, דער געטרייער עדות, יחזקאל הנביא:
„עס איז געווען אין זעקסטן חודש, אין פֿינפֿטן טאָג פֿון חודש,
ווי איך זיץ אין מיין הויז און די עלטסטע פֿון יהודה פֿאַר מיר,
איז דאָרט אויף מיר געפֿאַלן די האַנט פֿון גאָט, דעם האַר.
איך האָב געזען ערשט אַ געשטאַלט פֿון פֿייער,
פֿון דער גלאַנציקייט פֿון בורשטין,
און ער האָט אויסגעשטרעקט די געשטאַלט פֿון אַ האַנט
און האָט מיך אָנגענומען פֿאַר אַ לאָק פֿון מיין קאָפּ,
און אַ ווינט האָט מיך געטראָגן צווישן ערד און צווישן הימל
און האָט מיך געבראַכט צו די זעונגען פֿון ירושלים".

דער נביא גראָבט ביים טויער פֿון גאָטס הויז
לפֿי דער גזירה פֿון גאָט —
און ער זעט דורך די שפּאַלטן פֿון דרום־וואַנט,
ווי דורך די שפּאַלטן פֿון צפֿון־וואַנט,
ווי זיי זינדיקן, די פּרינצן פֿון בית ישראל,
צווישן זיי יאזניה און פּלטיהו, די גרעסטע און די ערשטע,

ווי זיי פירן אויפן וועג פון כל הרע שבעולם.
עס בוקן זיך די פירשטן צו דער זון,
און זיי ברענגען קרבנות צו אדאָנים,
ככל הגויים.

אין פרי־האַרבסט האָט תמוז פאַרלאָפן די וויינגערטנער,
בייגן זיך אין טרויער טרעכטיקע צווייגן גראַנאַט־עפּל,
די זאַפטן שווינדן, וויאָלעט־בלויע, פרוכט באַפּערלט פון טויען און רויטע
פון פרי־האַרבסט —
עס געפאַלט אין בין־השמשות פון אַ פאַרגייענדיקער נאַכט,
פאַרציטערן די ביימער און אין זיי די אילים,
פאַרוויאַנען די בלעטער פון די הייליקע ביימער,
מיטן פאַרשווינדן פון תמוז פאַרגייען די געטער.
דער הימל שיט אַש און טעמפּט די זייד פון האָר,
און לעשט דעם גלאַנץ אין די אויגן,
און ראָבן קומען געפלויגן, מיט דער וויסטעניש וואָס שפּרייט זיך אין טאָל.

נאָר צומאָרגנס, — גלייך ס׳וואָלט גאָר נישט געווען —
פליִען פלאַטער־פייגעלעך, ציִען אוים פעדעם לאַנגע
און וועבן ווייכע מאָרגן־טליתים
פונקט אויפן קאַנט פון גאָטס צאָרן,
וואָס ברעכט אַרוים פונעם מויל פונעם נביא:
„בבל און אשור און פרס פאַרפולן דעם בית המקדש אין ירושלים,
די מאָס איז פול און שטראָמט אַריבער דעם כוס...״

„איך וועל ציִען די שווערד פון דער שייד,
און די רשעים וועלן פאַרשניטן ווערן
פון צפון און פון דרום, און די בייזע וועלן וויסן:
איך בין גאָט דער האַר״.
און געצויגן האָט דער האַר
די שווערד פון זיין שייד...

די הרי מואב ווערן פינצטער
איידער די זון שיקט אַרויס אירע ראָז־גאָלדענע שליחים
איבערן האָריזאָנט,
פון „מוסד" קעגנאיבער טראָגט זיך פון יונגע ליפּן
געזאַנג: קומה, קומה אדוני!...

## „און עס וועט זיין אין יענעם טאָג...“

ס׳הערט זיך רוישן פֿון די ווינטן
בעת די שאָטנס שלאָפֿן...
דאָס רוישן פֿון די ווינטן,
נאָר נישט רוישן פֿון די קוואַלן —
מען זעט די בערג אין זייער וואָגיקייט
וואָס באַדעקן גראָטן, היילן,
און די שווערקייט איבער זיי.

דאָרט ווינט דער סוד פֿון נייגעבוירענע וואַסערן,
וואָס מישט זיך מיט די קוואַלן פֿון מדרגות,
איך זוך דעם יסוד, דעם אַנקער אונטער דער ערד.
דעם געזאַנג פֿון רוישן, און דעם איבערגאַנג פֿון גילגול
צו ממשות.

באַווייזט זיך פֿרי-באַגין צווישן שאָטנס,
יונגער טאָג אין בין-השמשות,
רוישן ווינטן, יונג גראָז,
וואָס וואַקסט אַנטקעגן נייעם ליכט,
דערשיינט אַ שטערן, אַן איינציקער —
און שטייט ביי דעם געבורט פֿון טאָג...

און איך, איך האָב מסתמא
ווידער פֿאַרזאַמט די רגע ווען עס שפּאַלטן זיך די וואַסערן
און דערלאַנגען אין פֿאַרטאָגן
צו זייערע אייגענע טיפֿן.
וווּ איז דאָס קול פֿון איובס קוואַלן,
חזקיהום ברונעמס?

ווידער רוישן דאָס די בלעטער
מיטן בלויען ליכט פון טאָג,
טאַנענביימער און ציפּרעסן
שטרייכן אונטער אין זייער טונקל
דאָס ליכטיקע ליכט פון טאָג,
נאָר די קוואַלן,
שלמהס ברונעמס, רוישן עד היום!

איך קען לגמרי נישט פאַרגעסן
די ריינקייט און דאָס רוישן פון די קוואַלן,
דאָס געקלינגל אינעם ציטער,
אינעם יחוד פונעם רוישן פון די ביימער,
זייער זאָגן, זייער זינגען.

צי הערן די ביימער דעם שטורעם פון אַ שטערן?
פון הימל, סאַמעטן שוואַרץ?
הערן זיי אפשר אויך — „און עס וועט זיין אין יענעם טאָג...
...נישט טאָג און נישט נאַכט
אָבער עס וועט זיין,
צו אָוונטצייט וועט ליכטיק ווערן,
וועלן אַרויסגיין לעבעדיקע וואַסערן
אין ירושלים —
העלפט צום פעדערשטן ים,
און העלפט צום הינטערשטן ים?"
— — — — — — —
איך באַזעץ זיך אין די בלעטער פונעם בוש
ווי אין בלאַט פון אייגן האַרץ.
אין די וויינגערטנער זיץ איך,
איך זוך מיטן אויער דאָס רוישן.
אין די יונג־גרינע צווייגן
זענען אויגן פאַרפלאָכטן אין דער ברכה

פון פרוכט,
און איך זוך זיך אין די קוואַלן
אין די וואַסערן פון שילוח,
אין סוד פון די וואַסערן —
אין די שרעקנס, אין די שאָטנס,
אין די נעפּלען וואָס הילן זיי אַלעמען איין.

דו שטראַמסט אין מיינע אָדערן ווי דער קוואַל,
וואָס קוואַלט פון אייביק אָן,
ווי יעדעס בלאַט אין דער בלום פון מיין הארץ,
וואָס זינגט דיין ליד.

דיינע פרוכטן זינגען דעם זאַפט
און דעם האָניק אין ווייַנהענגל,
איך זוך דיך אין די בלויען
פון דיין הימל, ירושלים
הינטער די גרויען וואָס דער מדבר
האָט אויסגעשיט,
דעם מאָרגן אין דיין קינד „פון גאָט פון אברהם",
דעם מאָרגנשטראַל, ווו גאָט וועט זיך דערקענען
און זיך דערמאָנען אָן זיין בונד,
דעם נעכטן אויסגעגליט אין דיינע זונען.

און איך זוך דעם אַצינד און דעם תמיד,
אין דיין נאָמען, ירושלים.

## די הרי יהודה זאָגן עדות...

די זון איז איינגעדעקט
און דער שרעקלעכער מדבר, וואָס פירט צום באַרג סיני,
באַפרוכפּערט מיין מוח מיט באַגריף און געזעץ,
מיין דמיון מיט ממשות פון עבר און לעגענדע,
דער וואָלקן, וואָס פאַרהילט דעם סוד איבערן דאָרנבוש,
באַטויט מיט רעגן די האַרבע הייכן...

די זון איז איינגעדעקט.
אומצייליקע שיכטן פון בליי הענגען איבער דער ערד
און פייכטיק רויער געלאַדנקייט
טאָג־איין, טאָג־אויס און פרעסן.
איבער בערג, איבער טאָלן,
היישעריקן לייטזעליקן די ערד מיט זייער גיר.
מענטשן בלאָנקען ווי פאַרגעסענע,
פאַרגעסן אין אַ חלל.

די וועלט שטייט אונטערן צייכן פון פאַרגעסן.
פאַרגעסן די טייטש פונעם וואָרט,
פאַרגעסן די תורה מסיני,
פאַרגעסן דעם גילגול פון וואָרט און זיינע שרשים,
דעם דו און דעם איך פאַרגעסן,
פאַרגעסן די קייט און דעם קו,
פאַרגעסן דעם תחום פון ברודער צו ברודער,
פאַרגעסן דעם וועג זיך פונאַנדערצוקלייבן
צווישן מענטש און נישטמענטש.

צו בענטשן מזומן און מער נאָך ביחידות,
פאַראייניקט מיט אַלץ, וואָס איז כדאַי.

און אַלץ נאָך שפּרייט זיך דאָס בליי פון פאַרגעסן
און מעקט אוים די צייכנס, און מעקט אוים דעם אות,
וואָס אויף אים האָט דער דור זיך געכאַוועט
און געשטרעקט זיך ביז צו די שטערן.

די שטערן קומען נענטער, ווער ווייסט וואָס זיי ברענגען,
ווען בלייען פאַרהענגען זייערע ווייטע קאָנטורן?

דערווײַלע פאַרלעשן פּאַמעלעך זיך שפּורן
פון צלם אלהים אין דער מענטשלעכער צורה.
די שטערן אַפילו וואָס בלאַנקען אין קאָסמאָס,
קענען זיי דערפילן די פּאַרצייטיקע שליחות
צו באַהיטן דעם מענטשן אינעם מענטשן?

וואָס נענטער, אַלץ נענטער דערגאַנגען,
אַלץ ענגער דער תחום, אַלץ האַרטער דער אות פונעם קאָסמאָס,
וואָס וואַרט נאָך אויף טײַטשונג...

# ואף על פי כן

...און מיר, וואָס שטייען ביים סוף פון אַ תקופה, וואָס האָט פאַרשווענדט
אונדזערע מעגלעכקייטן,
און אויפן שוועל פון אַ תקופה, וואָס שפּילט האַפּערדיק מיט אונדזערע
אוממעגלעכקייטן —

צי מעגן מיר דערגיין אַ סך־הכל ?
די אָנהייבן, וואָס פאַרשעמען די מאָנסטערס פון טפלות
בעת עס שפּילן אַרום הויז ניגונים פון לצים,
און עס זשומען בינען און ציִען פון בלומען
גאָלדענעם זאַפט, גלייך ס׳וואָלט נישט צאַפּלען אין הארצן די מורא,
גלייך ס׳וואָלטן נישט טומלען זיך שטערן מסוכן אַרום דער לבנה —
פון עבודה־זרה די שטערן, מעשי ידיהם איבערן עמק הבכא
וואָס קען זיך נישט ווערן.

און אונדזער דור האָט אַלע טרערן אויסגעוויינט...

ואף על פי כן, לייכט אַ שטערן, אַן עכטער,
און עס הערט זיך געלעכטער פון קינדער.
ואף על פי כן.